רחל ה. קאָרן

★

אויף דער שאַרף פון אַ רגע

פֿאַר מײַן טײַערע
מלכּה
מיט ליבשאַפֿט
פֿון
רחל

מאָנטרעאָל 9/VIII
1973

רחל ה. קאָרן

# אויף דער שאַרף פון אַ רגע

פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשל"ב — 1972

# RACHEL H. KORN
# OYF DER SHARF FUN A REGE

רחל ה. קאָרן / אויף דער שאַרף פון אַ רגע

צייכנונגען : י. בען

פאַרלאַג „המנורה“, רח׳ זנגביל 24, תל־אביב, ישראל
"Hamenora" Publishing House, 24, Zangwill St.
Tel-Aviv, Israel


Printed in ISRAEL 1972 נדפס בישראל תשל״ב

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון
קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס

דפוס „אורלי“, תל־אביב טל. 3 20 62

# אויף
# דער
# שארף
# פון
# א
# רגע

## אַלץ, וואָס האָט זיך אָנפאַרטרויט מיין וואָרט

אַלץ, וואָס האָט זיך אָנפאַרטרויט מיין וואָרט
איז דערוואַקסן צום טרויער
פון דער איינזאַמסטער שעה
ביים ברעג
פון פאַראַבלטע טעג.

אויף דער שאַרף פון אַ רגע
טליִעט פלאַמיקער אָפשיין
פון בענקשאַפט,
וואָס האַלט ביים פאַרגיין.

און ס׳דאַכט,
איך אַליין
בין דערטראָנקען
אין גראָעם פאַרנאַכט
מיט דער בענקשאַפט באַנאַנד,
וואָס וויל נישט פאַרגיין.

פון די טאָלן פאַרבלאַסטע
דערטראָגט זיך אַ שעפּטש,
ווי שטילסטע דערמאָנונג,
ווי קנאָספּענדע אָנונג
און כ׳פיל אויף מיין פּנים,
מיין שטערן,
דעם אָטעם פון אַ וואָרט,
וואָס איז פול
מיט נאָך נישט אויסגעוויינטע טרערן.

# אָנגעהויבענע לידער

אָנגעהויבענע לידער —
יעדע שורה
ציט אין אַן אַנדערער זייט,
יעדע איינע פּרוווט מיך פֿאַרנאַרן
אין איר אייגענעם גבול און צייט.

עס זומערט, עס חשוונט, עס ווינטערט,
נאָר דער פֿרילינג פֿעלט דאָ אין דער מיט,
ט גלייך ער וואָלט מורא האָבן
צו פֿאַרלירן דעם קאַרשנבוים־צוויט.

און ווי ער וואָלט זיך געשוווירן
צי זאָל ער זיין גאַנצע עשירות
און דעם אָנזאָג פֿון מאַי געטרויען
די פּראָסט־באַזילבערטע שורות.

# מיין גרויסער גאָט

מיין גרויסער גאָט, כ׳בין טייל מאָל אַזוי נאָענט צו דיר,
אַז כ׳קען דיין יעדן סימן לייענען און פאַרשטיין,
און כ׳פיל דיין אָטעם אויף מיין מידן פנים,
וואָס איז נאָך נאַס פון נאַכטישן געוויין,

בעת עס גיט אַ ריס מיך פונעם שווערן שלאָף
דיין קול, אַז כ׳זאָל אין איינזאַמקייט דערהערן
דעם פלאַטער פון אַ מלאכס פליגל איבער מיר
און מיין מאַמעס הענט דערשפירן אויף מיין שטערן.

נאָר אָפטער נאָך בין איך אַזוי פאַרלאָזן,
ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע אין חלום אָן אַ סוף,
און ס׳בלייבט אין פוסטן חלל אַ פאַרשעמטער
צו דיר, אָ האַר, מיין רוף.

איך פרוו זיך אָנהאַלטן ביים נע־ונדן טרויער,
וואָס איז, ווי איך, געבליבן שטיין אין מיטן צייט,
און קוקט ווי ס׳ווערט פאַרצויגן מיט אַ נעפל,
ווי מיט אַ בעלמע, די רגע, וואָס פאַרגייט.

# אַ רגע

אַ רגע האָט זיך אויסגעשטערנט מיט דערמאָנונג,
די רגע האָט מיך איינגעבויגן צו דער ערד,
ווי כ'וואָלט דערהערט
דאָס וואָרט,
וואָס זוכט מיך דורך די אַלע יאָרן
און ס'איז ווי איך
אין וואָגלענישן אַלע
גראָ געוואָרן.

# יאָרצייט־ליכט

עס לייגן זיך די טעג,
די נעכט,
שיכט אויף שיכט,
אויף שיכט,
ווען כ׳מעסט די צייט
מיט יאָרצייט־ליכט.

צווישן איין יאָרצייט און צווייטן
בלויז אַ שפּאַן
דורך שטילקייט,
דורך שעפּטש
און דורך רעש —
אָט אַזויפיל וויפל ס׳האָט געדויערט
צו פאַרוואַנדלען אַ לעבן אין אַש.

# אַלע ווייסטענישן

אַלע ווייסטענישן מדברן אין מײַנע אויסגעטרערטע טעג,
אויסגעטריקנט זענען אַלע אָפּגעשפּאָרטע רגעס,
ווי אַ טייך, וואָס האָט נאָך זיך געלאָזט אַ זכר
זאַמד און שטיינער צווישן נאַקעטיקע ברעגעס.

ווי אַ קינד אין וויקלשנורן, אין יאָרצייטן פֿאַרוויקלט,
וואָס שטעכן זיך אַריין אין הימל מיט געצונדענע לעכט,
שטיי איך פֿאַר דיר, מײַן האַר, און שעפּטשע
מיט צעברענטע ליפּן:
— דאָס איז דײַן ווילן — נאָר, צי ביסטו אויך גערעכט? —

2 אויגוסט 1971

## עס פלאַטערן

עס פלאַטערן און ציטערן שוין איבער מיר די רגעס,
אַ יעדע איינע שטרעקט צו מיר די אָרעמס אויס:
„אַ כויטשע, כויטשע — נאָך אַ טריט, אַ טריטל,
עס איז נישט ווייט די שוועל ביים נידעריקסטן הויז.”

„אַ כויטשע, כויטשע” — אַזוי איז אויך געשטאַנען
מיין מאַמע איבער מיר, געהיט מיין ערשטן טריט,
בעת עס האָבן זיך אין אירע ברוינע אויגן
מיט ליבשאַפט אַלע פרילינגען צעבליט.

מיר דאַכט, ווי כ'וואָלט איצט פון דער ווייטער ווייט
אַ קול דערהערט:
„שוין צייט
זאָלסט אויפהערן צו ראַטשקען פאַזע ערד,
און כויטשע, כויטשע — שטעל זיך אויף אַליין,
הויב אויף צום הימל אויבן דיינע אויגן —
דו זעסט?
עס וואַרט אויף דיר אַ סטעזשקע אין דער הייך,
אַ זיבנפאַכיק־פאַרביקער, צעשטראַלטער רעגנבויגן.”

30 יולי 1971

# ה י י ם

ווִיפל יאָרן זענען עס אַריבער
זינט כ׳האָב באַטרעטן
צום לעצטן מאָל
מיין אייגענע שוועל?

אַ חופּה פון טונקעלן רויך
האָט זיך אויסגעשפּאַנט
איבער מיין אַמאָליקער שטוב
מיטן אייזן-געפלאָכטענעם גאַנעק —
די אונטערפירערס פאַר אַלץ, וואָס איז אייגן און ליב
זענען געוואָרן בעלזשעץ און מאַידאַנעק.

און איך,
די אַנטרינענע פון אונטער שוואַרצער חופּה
בין אַלץ נאָך היימלאָז
און אַלץ נע-ונד,
און וואַנדער אַליין,
אָן געלייט,
ווי אַ מצורע
געבראַנדמאַרקט דורך אומגליק און לייד.

איך דאַרף נישט קיין סך —
כ׳זוך אַ ווינקל,
כ׳זוך אַ דאַך
פאַר מיין טרויער,
וואָס פרירט
אונטער דעם קאַלטן בליק
פון פרעמדע אויגן.

ווִיפל יאָרן זענען עס אַריבער
זינט כ׳האָב באַטראַכט
צום לעצטן מאָל
די אייגענע שוועל?

ס׳פליסט די צייט איבער מיר,
ווי אַ טייך,
וועל נאָך וועל.

עס דעמערן די טעג און נעכט
מיט אַנונג —
מיין היים
הענגט
אויף דינעם שפּינוועבס
פון דערמאָנונג.

# ווי האָסטו מיך געשטייניקט

ווי האָסטו מיך געשטייניקט מיט דיין וואָרט,
און האַרטער יעדעס וואָרט פון האַרטסטן שטיין,
ביז כ׳בין געבליבן ליגן פאַרשטייניקט, פאַרשטיינט,
אין יעדן אבר טויטע שטילקייט פון פאַרגיין.

מסתם אַזוי איז עס געווען באַשערט —
דער מלאך, וואָס האָט מיך אַרויסבאַגלייט אויף דר׳ערד,
האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פנים מיט אַ פליגל,
ווען ס׳האָט אַ כמאַרעדיקער שאָטן איינגעהילט מיין וויגל.

און אָט דער שאָטן גייט מיר איצט פאָרויס,
אַ זייל, אַ טונקלער, אויסגעצויגן, שמאָל
און פירט די יאָרן מיינע, מיינע טעג און נעכט,
אין טרויער אויסגערייפטע צו דעם לעצטן גבול.

# פאַרטאַיעט אין ווינקלען

פאַרטאַיעט אין ווינקלען וועלקט שטילקייט מיט טרויער,
שאָטנס ווי פלעדערמייז גראָ
מיט פליגל צעשפּרייט אינעם פלי
שאַרן די לופט אין איר דרימל —
ס׳צעקלינגט זיך אַ שעה
און נעמט די מאָס פונעם שטח
צווישן דער ערד און דעם הימל.

אויפן פלאַכן, רונדן פּנים פון דעם זייגער
די טונקעלע ווייזערס,
ווי דאָס צעשפּאָלטענע, שמאָלע צינגל פון אַ שלאַנג,
וואָס באַוועגט זיך, נישטערט בעת עס זוכט די זייט
ווו אַריינצוטריפן דעם טויטלעכן סם
אין דעם האַרץ פון דער צייט.

# ביסט מיד, מיין אויג

ביסט מיד, מיין אויג,
ביסט מיד, מיין האַנט,
און דו, מיין האַרץ, נאָך מידער —
איך ווייס נישט צי פון טרויער בלויז,
צי אויך פון דעם געוויין, וואָס זוכט
אַ היים אין מיינע לידער.

דער הימל ווערט פאַר נאַכט באַדעקט
מיט פיבער־רויטע פלעקן,
ווי עץ־החיימס בלעטערפאַל
וואָלט אויסגעזשאַווערט ס׳גאַנצע בלוי
אויף הימלס אַלע שטרעקן.

דאָס שפּינוועבס ציטערט מיטן ווינט
און וויגט אין זיינע נעצן
אַ טראָפּן טוי
אי קלאָר, אי שווער,
ווי ס׳וואָלט אַ מלאך אין זיין פלי
געלאָזן דאָ אַ טרער.

# אויף ווײַעס אַראָפּגעלאָזטע

אויף ווײַעס אַראָפּגעלאָזטע
ציטערן טראָפּאַלעך זון,
דורכגעזייעט דורך בלעטער געדיכטע
אַ נעץ פון גינגאָלדן געשפּין.

אין די גינגאָלדענע נעצן
פאַרהאַלט זיך אַ מאָל אַ טרער,
אַ ווייטע דערמאַנונג,
אַ שמייכל,
וואָס דאַכט, ער באַלאַנגט נישט אַהער.

אויף ליפּן שטילע, פאַרבלאַסטע
אַ וואָרט פול מיט אָנונג און סוד,
וואָס האָט זיך נאָך אַלץ נישט דערטרוימט
צו דער רגע פון חסד און גנאָד.

עס ווערט שפּעט —
פון יענער זייט טרויער
אין דעמער פון שטילן פאַרגיין,
ווי אַן אָפענע וווּנד
אַ סטעזשקע
צום בראשית פון וואָרט
און צום לעצטן געוויין.

יולי 1968

# אין אַ גרינער נאָדל

אין אַ גרינער נאָדל פון די סאָסנעביימער
האָט אַריינגעפּעדעמט ווינט די פּאַוווּטינע,
בעת עס האָט אַ שפּין געפּרוּווט די לופט  באַשפּינען
מיט געוועבן נייע, דורכזיכטיקע, דינע.

כ׳שטיי און קוק און טראַכט — ווער וועט זיך דאָ פּאַרפּאַנגען
אין דער מיט פון נעצן דורכזיכטיק און גרוי —
צי אַ פליג אין פליִען, צי אַ זונשטראַל לעצטער,
צי אַ זילבערדיקער, קילער טראָפּן טוי?

אפשר וועט ס׳געוועב זיין בלויז אַ גראָער שלייער
צו פאַרשטעלן פּוסטן חלל פאַר מיין בליק,
ס׳זאָל זיך קענען דאַכטן — ווי אמאָל, אמאָל,
אין באַהעלטערלעך שפּילט זיך מיט מיר
דאָס גליק.

## דאָס ביסל פּיסנע גליק

דאָס ביסל פּיסנע גליק,
וואָס האָט ערגעץ ווו אויף מיר געוואַרט,
איז געוואָרן פאַרדאַרט,
ווי דאָס רעפּטאַלע ברויט,
וואָס דער אָפּענער שנאָבל פון שעה
האָט פאַלן געלאָזט אויף דער ערד.

צו שפּעט כ'בין געקומען,
ווען מען בענטשט שוין מזומן
נאָך פאַרוויאַנעטע טרוימען
פון פאַרגאַנגענעם זומער.

בלויז דאָס וואָרט,
פון מפּלות,
פון פאַרלענדונג אַנטרונען,
חשוונט זיך איצט אויף ליפּן מיינע
און נעמט די מאָס
פון איינזאַמקייטן אַלע,
וואָס ווערן דורך אים נתגלה.

דער האַרבסט זאַמלט איין
אין נעצן נעפּלדיקע, גרויע,
די שפּע פון טרויער.

# פון דאַנען ביז אַהין

פון דאַנען ביז אַהין
אַ מהלך?
אַ שפּאַן,

עס איז אַלץ שוין פאַראַן,
עס איז אַלץ שוין פאַרגרייט,
אַפילו דער מלאך
אויפן שיידוועג פון צייט
וואַרט מיט פליגל פאַרלייגט,
ווי מידע צוויי הענט,
מיר אַ קוש טון אין שטערן —

כדי כ׳זאָל פאַרגעסן
דאָס אַלץ, וואָס געווען,
און ווערן,
ווי ער,
אָן שמייכל,
אָן טרויער,
אָן טרערן.

## די טרויעריק-שיינע בת-מלכה

די טרויעריק-שיינע בת-מלכה
פון מיין אייגן קינדערלאַנד
פלעג זיצן לאַנגע שעהען
אויף אַלטן ברונעמס ראַנד,

און וואַרטן, אַז ס'זאָל די לבנה
פון איר ווייס-איידעלער האַנט
וואַראַזשען די דאָליע פאַרהוילן,
פאַרהוילן און אומבאַקאַנט.

כ'פלעג שטיין ביים פענצטער און קוקן
דורך שמאָלן גאַרדינען-שפּאַלט,
צי ס'וועט זיך דאָ נישט באַווייזן
פון איר שלאַנקן פרינץ די געשטאַלט.

ס'איז געווען אַזוי שיין דער אָנהייב
פון דער מעשׂה, גלייך זי וואָלט זיך באַצייטנס געגרייט
אויסצושעפּן די שטערן פון הימל
מיטן עמער, וואָס הענגט איבער ברונעם
אויף אַ שווערער, אייזערנער קייט.

און דער סוף פון דער מעשׂה? דאָס ענדע?
אַז קיין סוף איז נישטאָ — ביי דעם זוים,
ווו עס שווימען די נעכטנס אַריין אינעם מאָרגן
הייבט זיך אַלץ אָן אויפסניי, אַלץ אויפסניי
אונטער דעם אָטעם פון טרוים.

# אין אַ זומערדיקער נאַכט

מיינע האָר זענען געוואָרן פול מיט וויסן
אונטער דעם באַריר פון דיינע הענט,
נאָר קינדיש-אומבאַהאָלפן מיינע רייד,
גלייך ס׳וואָלט אַ יעדעס וואָרט באַזונדער זיך געשעמט.

דיין שמייכל האָט באַשירעמט מיינע אויגן,
ווען ס׳האָבן זיך געהאָניקט איבער אונדזערע קעפּ
צעבליטע ליפּעס און געשיט מיט בליִעכץ
אויף דיינע פינגער און אויף מיינע צעפּ.

קאַפּריזנע, בת-יחידיש, ווי ס׳וואָלט גאָט אַליין
די גאַנצע וועלט געגעבן מיר אַלס פּאַנט,
האָב איך מיין דלאָניע אויסגעשטרעקט צו דער לבנה
זי זאָל וואָראָזשען מיר מיין גורל פון דער האַנט.

זי האָט געקוקט, געפּאָרשט די דין-צעצווייגטע ליניעס
מיט אירע אויגן ברעמענלאָזע, שטאַרע,
און ווי זי וואָלט דערשראָקן זיך אַליין
האָט זי פאַרשטעלט איר פּנים מיט אַ כמאַרע.

מסתם האָט די לבנה דעמאָלט שוין געוווּסט
וואָס איך האָב נישט געקענט אַפילו אַנען,
אַז עס וועט באַלד, גאָר באַלד
דער שאָס אין וווייטן סאַראַיעוואָ
אָפּהילכן אין אונדזערע ד׳ אמות
און פאַר קברים פרישע
אויפרייסן די ערד,
די ערד, ווו מיר זענען געשטאַנען —
און אין מיינע האָר וועט בלויז דער טרויער וויאַנען.

# אַ פרעמדער ווינט

אַ פרעמדער ווינט האָט אָפּגעסמאַליעט מיינע וויִעס
און מיך געלאָזן שטיין אין סאַמע מיטן וועג —
אַלץ, וואָס איז נאָענט געווען און היימיש־אייגן,
האָט פאַרשיט דאָס אַש פון י ע נ ע נעכט און טעג.

טייל מאָל גיט עס נאָך אַ וויאַיע מיט דערמאָנונג
און ס'צעעפנט זיך מיין קינדהייט ווי אַ ספר,
אַז ס'זאָלן זיך פאַרייִנגען מיינע יאָרן
און ס'זאָל די קינדהייט ווערן מיט אַ חלום רייפער.

אפשר וועט מיר זיין באַשערט אין אויפבליץ פון אַ רגע
פון קאַרגע סימנים באַנעמען, פאַרשטיין
דיין ווילן, מיין האַר,
וואָס האָט געפירט דורך אַלע נע־ונדן
און מיך געלאָזט אין מיטן וועג
אַליין.

פעברואַר 1971

# נישט אַלע פּיינען

נישט אַלע פּיינען אויסגעהשבונט האָט די נאַכט
און נישט צוגעפירט צום לעצטן ברעג די טרערן —
עפּעס ליגט נאָך באַהאַלטן אין איר טונקעלער טראַכט,
וואָס מערט און צעוואַקסט זיך ערב דעם געבערן.

איך שאַר מיט די ליפּן איבער אייזקאַלטער וואַנט,
ווי אַ שפּרוך איז אַריינגעפּרווירן,
וואָס ווינטערס האָבן געסילוקט דער נאַכט
און זי מיטן שפּרוך באַשווירן.

די שורות ברענען מיט פּראָסטיקן גלי
מיינע ליפּן צעפּיבערטע, הייסע —
עס ווערן אַלץ גרעסער און שטאַרן אַוועק
פון דער וואַנט די אותיות ווייסע.

זיי באַקומען מיילעך צעעפּנט צום שריי
און גרויזאַמע הענט, שווער און לייביק;
אָט וועלן זיי באַלד שוין דערגרייכן מיין גוף
און אויסמעקן מיך אויף אייביק.

און בלייבן וועט בלויז דער נאַקעטער שפּרוך
די ליידיקע נאַכט צו באַשווערן,
און אַ חלום, וואָס וואַנדערט און זוכט אַלץ אַרום
אַ פאַרגעסענעם פּרילינג אונטער חופּה פון שטערן.

## איך מוז זיין שטאַרק

איך מוז זיין שטאַרק,
מיין האַר,
באַווייזן זיך אַליין,
אַז מען קען לעבן
און אַ שמייכל געבן
כאָטש מען איז אַזוי פיל מאָל געשטאָרבן.

איך מוז זיין שטאַרק,
מיין האַר —
אפשר דערפאַר,
ווייל איך בין אַזוי שוואַך,
אַז ס׳קען אַ שאַרפער בליק,
אַ וואָרט, וואָס גייט אויף רויב,
צעמערבן מיך אויף שטויב.

9 יולי 1971

# צו מיין פאָטער

וואָס האָסטו מיטגענומען פון מיר
דאָרט אהין —
צי מיין שמייכל,
צי מיין קינדערישע טרער
פון יענע טעג און וואָכן,
ווען כ׳בין צו דיר געלאָפן
אויף צו באַקלאָגן זיך,
אז ס׳האָט זיך מיר אַ שפּילעכל צעבראָכן ?

כ׳געדענק נאָך יענעם תמוזדיקן אינדערפרי —
אויף דיינע פעלדער איז געשטאַנען רייף
צום שניט די תבואה,
נאָר דער הימל האָט געהאַט פאַרצויגן זיך מיט רעגן,
ווען ס׳האָט מיך אויפגעריסן פונעם שלאָף
מיין מאַמעס קלאָגן און באַוויינען,
וואָס האָט געפירט מיך דער יתומהשאַפט אַנטקעגן.

צען יאָר און אַ האַלבם — עס דאַכט זיך נישט קיין סך,
נאָר מיין יִינגסטער ברודער איז געווען פון מיר
מיט זיבן יאָרן יִינגער —
עס גייט מיר נאָך ביז היינט דער ריח פון דיין
„פּורזיטשאן“-טיטון,
וואָס האָט פאַרברוינט די שפּיצן פון דיינע שמאָלע פינגער.
און נישט איין מאָל וואָלט איך וועלן זיך באַהאַלטן,
ווי אַמאָל אין מיינע קינדערישע יאָרן
אין דיין שווערער, ברייטער בערן־שובע,
וואָס האָט דיך איינגעהילט,
ווען ביסט אין שטאָט געפאָרן.

וואָס האָסטו מיטגענומען דאָרט אהין
פון מיר,
מיין יונגער טאַטע?
אפשר קלאַמערט זיך נאָך אַלץ אָן דיר
מיין קינדיש־נאַריש פרעגן:
— פאַר וואָס, צו וואָס, און ווי אַזוי, און ווען? —
פונקט ווי דאַן,
ווען ס׳זענען מיט מיר מיטגעוואַקסן אַלע פריידן,
און ס׳האָט געשדכנט זיך צו מיר די וועלט
מיט אַלע אירע וווּנדערלעכע סודות,
וואָס נאָר דו אַליין האָסט זיי געקענט באַשיידן.

21 טאָג אין תמוז 5732

# עס האָט מיין מאַמע זייער אָפט געוויינט

אפשר איז אויסגעוואַקסן אַ בערעזע אויף דעם בערגל,
פאַר וועלכן מערדערהאַנט גענומען האָט די מאָס
אין דעם געדיכטן וואַלד לעבן דעם שטעטל גריידינג,
און בלויז אַ פויגל קומט אַהין אויף קבר־אבות.

צו מיין מאַמעס אומבאַקאַנטן קבר,
ווו זי ליגט, אין האַרץ אַ דייטשע קויל,
קען איך בלויז אין חלום גיין און גיין
מיט פאַרמאַכטע אויגן און פאַרשטומטן מויל.

— — — — — — —

כ׳געדענק, עס האָט מיין מאַמע זייער אָפט געוויינט,
און איך, איך האָב געמיינט,
אַז פון פאַרגעלטע בלעטער פון איר תחינה
קוקט אַ געבונדענער צו איר אברהמס זון
און זי שטעלט זיך אין דער מוטער שׂרהס בחינה.

ווייל מיר, די קינדער אירע וואָיוועץ, שטיפן, לאַכן,
כאָטש דער טאַטע אונדזערער איז אַזוי יונג געשטאָרבן —
וואָלט ער געלעבט, דער פאָטער גוטער, וואָלט ער קיין
מאָל, קיין מאָל
אונדז נישט געפירט צום באַרג מוריה פאַר אַ קרבן.

דאָך האָט מיין מאַמע אַזוי אָפּט געוויינט —
האָט זי געוווּסט, געאַנט,
אַז ס'גרייט זיך שוין דער הימל אין דער הויך
אויפצופראַלן זיינע טויערן אין דער ברייט
אויף אויפצונעמען אירע ביידע זין
אין וואָלקנס רויך?

נאָר איך, איר בת־יחידה, בין פאַרבליבן,
ווי אַ דאָרן אויף אַן אויסגעדעווערט־וויסטן פּליין
ווערן דער המשך פון מיין מאַמעס טרערן,
ווערן אַליין
איר געוויין.

# ווי אַ ווירטואָז

ווי אַ ווירטואָז, וואָס לייגט זיין אויער צו
צום האַרץ פון אַ פידל,
בעת ער פּרוּווט אוים מיט די פינגער יעדן טאָן באַזונדער,
ס'זאָל זיך באַנייַען אויף די סטרונעס פון באַשאַף
דאָס ווונדער,
אַזוי לייג איך צו מיין אויער צו דעם גרויסן שווייגן,
אַז כ'זאָל כאָטש איין מאָל נאָך דערהערן
דעם דופק פונעם וואָרט,
וואָס האָט אַמאָל צעעפנט איבער מיר דעם הימל
און מיין קאָפּ באַקרוינט מיט אַלע זומערדיקע שטערן.

כ'האָב דעמאָלט נישט געוווּסט,
כ'האָב נישט געקענט עס אָנען,
אַז קומען וועט אַ טאָג,
וואָס וועט מיט ליקוי־חמה
פאַרשטעלן אַלע קומענדיקע זומערס,
און ס'וועט דער הימל מיט אַ זיפץ, אַ שווערן
זיך נידעריק אַראָפּלאָזן צו דר'ערד
אויף איינצוזאַמלען דאָס געוועטעניש פון טרערן.

## אַלץ איז דאָ ווי געווען

אַלץ איז דאָ ווי געווען — דאָס הויז, דער אַלטער סאָד,
אַגרעס צייטיקער און וויינפּערלעך מיט דורכזיכטיקער הויט,
ווי לאַנגע אויערינגלעך פון קרעלן רובינרויט;
ס׳איז אויך פאַראַן די קראָפּיווע צעוואַקסן אַרום פּלויט,
וואָס האָט געבריט די הענט, די פיס ביז צו די קני,
ווען כ׳פלעג דאָ זוכן אונטער די געדיכטע קוסטעס
אַ פויגלס נעסט, אַן אויסבאַהאַלט׳נעם סוד
אַ יעדן זומערדיקן אינדערפרי.

עס טריקענען זיך בינטלעך קימל אויפן דאַך
פאַר ברויט געבייטלטן פון פרישן קאָרנמעל,
און ס׳איז דער טאָג אַזוי צעשיינט און העל
אין זיין באַגינען,
ווי ס׳וואָלטן אַלע טויבן אין דער הייך
פון ווייסע כמאַרקעלעך פאַר אים
אַ זיידן בגד אויסגעשפּינען.

עס איז דאָ אַלץ, ווי קריק מיט קנאַפּע זעכציק יאָר —
אין שטוב — דער גרויסער זייגער אויף דער וואַנט
מיט די געוויכטער מעשענע אויף שווערער קייט
האָט אָפּגעשטעלט די צייט —
די ווייזערס ווי צונויפגעלייגטע, טונקלע פליגל
טוליען זיך צו אַנאַנד
און צעקושן זיך מיט אַ פאַרבלאַסטער שעה.

אַרום איז אַזאַ אויסגעשעפּטע רו —
עס הערט זיך נישט קיין שאָרך, קיין וואָרט, קיין
זיפץ, קיין קלאַנג,
ווי ס׳וואָלט די שטילקייט איבער ווייטן פּליין
אָנגעשיכורט זיך מיט זיך אַליין.

בלויז דורך אַן אָפּ׳נעם שפּאַלט
שמייכלט די אייביקייט אַריין
אין דער צעהעלטער קינדיש־פּראָסטער פרייד,
אַהער, וווּ אַלץ איז, ווי געווען אַמאָל,
וווּ עס ווערט גאָרנישט אַלט,
וווּ אויף די ווייזערס פון דעם גרויסן זייגער
שלאָפט אַ פאַרוויגטע די צייט.

# דער נשיא

זלמן שזרן

מיט ליבשאַפט נעמט איר אויף אַ יעדן עול,
וואָס ס׳האָט דער גורל אייך באַשערט אין לעבן,
און אייער האַנט און אייער האַרץ
זענען שטענדיק אָפּענע צום געבן, געבן, געבן.

אין אייערע דלד אמות איז דאָ אָרט פאַר אַלע,
פאַר מידע וואַנדערער, פאַר מעשיות און מגילות —
געפונען האָט ביי אייך אַ היים דאָס יידיש־וואָרט
פאַרקנסט צום פאָלק דורך פרייד, דורך לייד
און פיין און תפילות.

ווי שפייכלערס פולע זענען אייערע מעת־לעתן,
ווו ס׳ציטיקן זיך זעונגען און טרוימען
פון יענער שעה, וואָס וועט מיט תכלתדיקער בלויקייט
פאַרשווענקען גראַקייטן, פאַרדעקן אָפּ׳נע תהומען.

איר האָרכט זיך איין אין נעכטנס, אין דעם עבר,
וואָס דופקט זיך אַריין אין קנייטשן פון דער צייט
מיט בראשיתדיקן אָטעם און מיט דורותדיקן טרויער,
ביז ס׳גייט אַ ניגון אויף אין אייך,
דער ניגון פון פאַרטרערטער פרייד.

עס פלעכטן זיך אַריין די נעכטנס אינעם מאָרגן,
וואָס שטייט צוקאָפּנס פון אַ נייער, אויסגעבענקטער וואָר,
און אַלץ אַרום ווערט פול מיט פייערלעכן שווייגן,
ווען עס פאַרנייגן זיך די זון־באַקרוינטע בערג
אין אַ סאַלוט
צו אייערע גאָט־געבענטשטע אַכציק יאָר.

# דער וועג קיין ירושלים

באַרג־אַרויף, באַרג־אַרויף,
שלענגלט, דרייט זיך דער וועג
צווישן פעלדזן אוראַלטע אוןביימער —
אַ וועגווייזער איז דאָ יעדער בוים
צו דער שטאָט
באַטליתט מיט תפילות און טרוים.

ביים ראַנד פונעם וועג
מיט די בייכער אַרויף,
מיט צעבראָכענע ריפּן,
ליגן טאַנקען און דזשיפּן
אַזוי, ווי זיי זענען געפאַלן
אין יענע פאַרכטיקע טעג.

דער זשאַווער ראָסטיקט, ווי פאַרגליווערט בלוט
אויף די סקעלעטן
פון טאַנקען און טאַנקעטן —
אַזאַ שווייגן אַרום,
קיין פויגלשער צווירטש,
קיין שום מענטשלעך קול,
נישט צו וועקן די שטילקייט
אויף דעם בית־עלמין פון אייזן און שטאָל.

צווישן ראָסטיקן אייזן פאַרטריקנטע בלומען,
און אָט,
אין מיטן
אַ פרישער בוקעט,

נאָך פייכט פון טל, צי פון טרערן —
כ'קען קיינעם נישט זען,
ס'איז קיין טריט נישט צו הערן —
מסתמא געקומען,
געשטאַנען אַ ווייל
און אַוועק
מיט געשלענגלטן וועג.
אַ מאַמע, אַ שוועסטער, אַ כלה, אַ ווייב?
אַרומגענומען דעם דזשיפּ, אָדער טאַנק,
גלייך דאָס וואָלט געווען פון געליבטן דאָס לייב,
וואָס האָט זיך פאַרשיתופט מיט אייזן און שטאָל
צו באַפרייען די שטאָט אויפן באַרג,
די שטאָט פון היינט און אַמאָל.

באַרג-אַרויף, באַרג-אַרויף,
שלענגלט, דרייט זיך דער וועג
צווישן פעלדזן אוראַלטע אוןביימער —
יעדער בוים
אַ וועגווייזער דאָ
צו דער שטאָט
באַטליתט מיט תפילות און טרוים.

# אונטער דעם הייסן אָטעם פון כאַמסין

אַרום וואַדיס
די ברעגעס
צעשפּרונגען
און טרוקן,
ווי ליפּן פאַרשמאַכטע
אונטער דעם הייסן אָטעם פון כאַמסין.

די שפּאַלטן און ריצן,
ווי אַ מאַפּע, אַ נייע
מיט אַ גליאיקער האַנט
איינגעקריצט
אויף דער מדבּרס געוואַנט,
העפטן צונויף
צעפינקלטע קליאַמרעס און בראָשן
פון יאַשטשערקעס קליינע און גרויסע
אַנטדרימלט אין גליִענדע היצן.
נאָר זייערע צינגלעך
די שפּיציקע, דינע,
הין און קריק זיך באַוועגן
און מעסטן באַזונדער
דעם שטח,
די לופט
און דאָס ווונדער פון אַ קומענדער רגע,
וואָס וועט פאַרבינדן די ערד מיטן הימל
דורך ווייסע שטריק פון אַ רעגן.

דער ווינט
פון מרחקים פלוצעם אָנגעפלויגן,
ווי אַ יאַסטרוב אויף רויב,
שלאָגט מלקות מיט דערנער און באָדיאַקעס האַרטע
די ערד, די פאַרדאַרטע,
ביז זי פאַרקייכט זיך מיט זאַמד און מיט שטויב.

צום מדברס ראַנד,
ווי אויסגעכישופט דורך אַלעמענס תפילה
רוקט אָן פון כמאַרעס אַ טונקלע פלאָטילע
און שניידט מיט וועסלעס פון בליצן
דעם הימל, די לופט און דעם זאַמד.

אין ווילדער פאַרגאַפונג
אַליץ וואַרט,
ווי פאַרשטאַרט,
בעת אויף דער שפּיץ פון אַ רגע,
ווי אויף דער שאַרף פון אַ שווערד,
וויגט זיך צעגשמטע האָפנונג
פאַר אויסגעדעווערטער ערד.

# דער טאָג, וואָס האָט זיך אַנטבלעטערט

פאַר אברהם סוצקעווער

דער טאָג, וואָס האָט זיך אַנטבלעטערט
שעה, נאָך שעה, נאָך שעה,
פון אַלע בענקשאַפטן, פון טרוימען און באַגערן,
האָט איצט געוועלקט מיט טרויער פון פאַרגיין
און געוואַרט
שטיל,
באַזאַכט,
אויף דער נאַכט,
אַז זי זאָל זיין מידקייט פאַרהילן
און פאַרזיגלען די ליפּן
מיט דער זילבערנער התימה פון שטערן.

אין די גראָלעכע נעצן פון פאַרנאַכטיקן דעמער
האָט געציטערט, געצאַפּלט,
ווי אַ גאָלדענע בין
אַ טראָפּעלע שיין
צוקאָפּנס דעם וועג צווישן שווייגנדע ביימער,
וואָס האָט זיך געלאָזט אין ווייטקייט פאַרטרערטער
אין אַ שליחות געהיימער.

די לופט האָט געגריפּט זיך מיט אַנגסט און מיט אַנען,
ווי ס׳וואָלט שוין דערנעבן געשטאַנען
דער טונקעלער שניטער
צו בינדן אין גאַרבן
די שעהען, מינוטן, ווי ליידיקע זאַנגען,
וואָס קיינער וועט קיינמאָל נישט אַרבן.

ביז פּלוצעם,
אומגעריכט,
איז אַ רגע איינציקע
געוואָרן אויפגעריכט
און זיך איינגעוואָרצלט אין דער אייביקייט
מיט אַ וואָרט בראשיתדיק צעבליט,
און אויסגעלייזט דעם טרויער פון פאַרגיין
דורך דעם נסימדיקן אויפגאַנג פון אַ ליד.

## אַ פֿאַרנאַכט בײַם ים

די זונפֿאַרגאַנגען
זענען ווי דער לעצטער בלוטשטורץ
פֿון אַ לונגענקראַנקן,
וואָס פֿלייצט צום הימלס מערבדיקן ראַנד
און נעמט אַרום דעם טרויער פֿון פֿאַרגיין
מיט שאַרלאַך־רויטן באַנד.

די פּאַלמעס טונקלען שוין מיט קומענדיקער נאַכט,
זיי שטייען, ווי פֿאַרגעסענע, פֿאַרלאָזטע אַלטע לייט,
גיבן אַ שאָקל מיט די מידע קעפּ פֿון צייט צו צייט
און אַ הויב די לאַנגע, אויסגעפֿראַנדזטע צווייגן,
גלייך זיי וואָלטן וועלן אָפּוועקשאַרן פֿון זיך
דאָס געדיכטע, אומעטיקע שווייגן.

עס אָטעמט שווער דער גראַנאַטענער ים
אונטער דער לאַסט פֿון גוססדיקן טאָג
און שפּריצט מיט ווייסן שוים
אויף דעם זאַמדיקן זוים —
אויף דעם זאַמדיקן ברעג
דאָס דינע געוועב פֿון אוזאָרן,
וואָס ס׳האָבן געלאָזן די פּיס פֿון די מעווען,
איז אויסגעשפּרייט
אין דער לענג,
אין דער ברייט,
ווי אַ נעץ
אויף צו פֿאַנגען דעם ערשטן, לויכטנדיקן שטערן.

# ביים ים

פאַר דבורה און ד״ר הירש ראָזענפעלד

ווי עמעץ וואָלט צעטרענט און באַלד צוריק פאַרנייט
אַ יעדן זוים
פון מלכותדיקן קלייד,
אַזוי פעלבלען זיך די כוואַליעס בלאָלעך־גרינע
מיט אַ ווייסן, פערלדיקן שוים —
שפּיצן איידעלסטע אויף ברייטער קרינאָלינע.

אויסגעשורהטע אין גלייכע רייען,
ווי אַעראָפּלאַנען
אין פּאַראַד,
פליִען פעליקאַנען —
אַ סאַלוט דער זון ביי איר פאַרגיין.

ווען דער מערב הייבט אָן פלאַמען, גליִען,
אַ פּורפּורנער טייך
צעגאָסן אין דער הייך,
שטילט זיך איין דער ווינט
און רויִק ווערט דער ים,
ווי ס'וואָלט אים אויסגעגלעט אַן אומזעבאַרע האַנט —
און בלויז ביים סאַמע ברעג
אַ ווייסע קרויז פון שפּיצן פון בראַבאַנט
נעמט אַרום דעם האַלדז פון געלן זאַמד.

און ס'דאַכט, אַז דו אַליין, וואָס ביסט פון זיך אַנטלאָפן,
ביסט ווייט שוין, אַזוי ווייט,
ווי פון יענער זייט פון טרויער און פון האָפן,
ווען ס'קומען אַלע איינזאַמקייטן דאָ אַ ווײַלע רוען,
איידער די וועלט ווערט אַנטשלאָפן.

# דער זומער האָט געזעגנט זיך

דער זומער האָט געזעגנט זיך דורך דונערן און בליצן —
ס׳האָט זיך געדאַכט,
אַ לאַנגע, אויסגעשטרעקטע האַנט
קרייציקט די לופט מיט אַ צעפלאַמטן בראַנד,
בעת דאָס ווידערקול פון טרוק׳נע קנאַלן
קוילערט זיך הילכענדיק פון ראַנד צו ראַנד,
ווי ס׳וואָלטן קאַפּיטעלעך פון ווילדע סטעפּן־פערד
דעם הימל אויפגעריסן ביז צום אינגעווייד
און זיינע שטיקער צוגעוואָרפן דער פאַרשמאַכטער ערד.

אַ יעדער בוים געטייטלט האָט צום הימל,
ווי אַ פאַרשפּיצטער פינגער, בלעטערנדיק די לופט,
אויף צו פאַרטייטשן פאַרכטיק איינגעבויג׳נע גרעזער
דעם מיין פאַרבאָרגענעם פון פלאַמענדיקער שריפט.

דער זומער האָט געזעגנט זיך דורך דונערן און בליצן,
נאָר ס׳האָט זיך נישט פאַרקנסט דער הימל מיט דער ערד
אין אַ צניעותדיקן, ווייסן רעגן־שלייער —
ווי ער וואָלט וועלן אויסברענען פון ערד די גאַנצע זינד
האָט ער געטובלט זי אין קנוילן העליש פייער.

בלויז ס׳פאַרדעווערטע גראָז ביים ראַנד פונעם וועג
האָט געווימלט, געזשומעט מיט גרילן,
גלייך עס וואָלט צוגעוואָרפן אָט די גרויסע שפּע
דער ערד צעלעכצטער אַ געהיימער ווילן.

און פּלוצעם — ווי עס וואָלט אַ מלאכס פליגל
אַראָפּגעשאַרט די כמאַרעס שטיל, באַזאַכט,
און אַוועקגעשטעלט אין סאַמע מיט פון הימל
אַ שטערן, ווי אַ חתימה,
צו פאַרזיגלען די ליפּן
פון דער אלולדיקער נאַכט.

## אָסיענדיקער טאָג

די מילדקייט פון אַן אָסיענדיקן טאָג
איז ווי די צייטיקייט פון גאָלד־געלע בורשטינען,
ווי דער שמייכל אויף די ליפּן פון אַ פרוי,
וואָס האָט אין מוטערשאַפט איר גליק געפונען.

ס׳בלאָנקעט נאָך אום אַ פויגל קראַנק און לאָם
אויף הפקר דאָ געלאָזן פון דער אייגענער טשאַטע,
און קוקט, ווי אַנשטאָט אים עס הייבט זיך אויף צום פלי
דער רויך איבער אַ קוימען פון דאָרפישער כאַטע.

לעצטע בענקשאַפט, וואָס קיינער וועט שוין קיין מאָל
נישט מאָנען
באַהאַלט אוים אין די גרעזער דאָס פאַרשעמטע פּנים —
א זונענשטראַל, אַ שיפער
פאַרנייט די שטילקייט איבער איר
שטאָך נאָך שטאָך, נאָך שטאָך —
כ׳קום נענטער צו, מיט פינגער כ׳טו אַ שאַר,
און זע — עס זענען פייכט געוואָרן
דאָס גראָז און דער מאָך.

12 אויגוסט 1971

# אלול

דער פאַרטאָיעטער חלום פון אַ לאַנגער האַרבסטנאַכט
פיבערט אַריין אין דעם פאַרטאָג
די חשוונדיקע שרעק, דעם פחד פאַרן טויט,
ביז ס׳ווערן אונטער אָטעם זיינעם
די גרינע שפּיצן פון די ביימער
געל און ברוין און רויט.

די זון,
וואָס האָט זיך אויסגעבלוטיקט ווי אַ וווּנד
אין דער פרימאָרגן־שעה,
פאַרציט זיך מיט דער שפּינוועב־דינער הויט
פון נעפּלען צעכוואַליעט און גראָ.

דער אלולדיקער ווינט צעטראָגט דעם ריח פון וויאַנען —

אָפּגעזונדערט פון דער גאַרער וועלט
מיט אַ הויכער, מיט אַ ברייטער מויער,
שטייען ווי גאַרבן אויפן „הייליקן פעלד"
מצבות אויסגעשורהטע אין רייען לאַנגע, גרויע —
די אויסגעקריצטע נעמען אויף שטיינער פאַרגראָטע
טרינקען די לופט,
וואָס צייטיקט זיך מיט תשובה און חרטה.

ס׳שאָרכט דאָס פאַרטריקנטע גראָז
מיט אַ פאַרטאָיעט געוויין —
אַ בלאַט רייסט זיך אָפּ פון אַ בוים,
וויגט זיך אַ ווייל אין דער לופט,
איידער ס׳פאַלט צו מיט אַ קוש
צום האַרטן, קאַלטן שטיין.

## האַרבסטיקער עטיוד

אויף די שויבן פאַרטרערטע
שרייבט דאָס צווייגל פאַרדאַרטע
שורות ווילדע, פאַרווירטע,
וואָס כ׳קען נישט פאַרשטיין.

אפשר איז עס אַן אָנזאָג
פון פאַרשלייערטער ווייט,
ווי עס גלייכן זיך אוים
די נאַכט מיטן טאָג —
דער אָנזאָג,
אַז איך זאָל זיין גרייט.

אפשר גייט אָפּ מיט טרערן
דער טרויער אַליין,
אפשר איז עס די בענקשאַפט,
וואָס וויל נישט פאַרגיין.

*

צו די שויבן פאַרטרערטע
ווי אַ חתימה פאַרגעלטע
צוגעקלעפּט האָט דער ווינט
דאָס בלאַט פון אַ בוים —
גלייך ס׳וואָלט זיך דער זומער
דורך אים אָפּגעשיידט
פון אַ פאַרוויאַנעטן טרוים.

# ה אַ ר ב ס ט

בית-עלמין-שטילקייט, ווי אַ טויב
דאָ, אויף דעם הייליקן אָרט —
פון די, וואָס זיצן אויף די בענק
הערט זיך קיין שאָרך, קיין וואָרט.

אַ בלאַט רייסט זיך אָפּ און נידערט
פּאַמעלעך, פּאַמעלעך צו דר׳ערד,
עס זאָל די אַרומיקע שטילקייט
דורך זיין פאַלן נישט ווערן געשטערט.

אויף שפינוועב-פעדים ווייסע
ציטערט דער חלום פון אַלטע לייט —
איבער שפיצן באַגאָלדיקטע ביימער
אַ רויטלעכע זון פאַרגייט.

אַ מילדער שמייכל באַקרייזלט
די ליפּן בלאַלעך און דין,
בעת ס׳שווימט צו די דערמאַנונג
אויף ריחות פון בעז און זשאַסמין.

— אַ הייסער שעפּטש,
דער ערשטער קוש,
און י ע נ ע זעכצן יאָר —

פאַרשעמטע רויטקייט פליסט אַריין
אין קנייטשן טיף און דין,
ווי ס׳וואָלט אַ נעץ זיך אויסגעשפּרייט
צו פאַנגען די פאַרגאַנג׳נע וואָר,
ביז ס׳טרינקען אָט די רויטקייט אויס
וואָרצלען פון ווייסע האָר.

15 סעפּטעמבער 1970

# עס איז אַ נאַכט אַזאַ

פאַר דב סדן

עס איז אַ נאַכט אַזאַ, ווען שטערן ווילן וויינען,
נאָר ס'איז זיי נישט באַשערט ס'גערעטעניש פון טרערן —
גלימערן זיי, ציטערן, ווי ציטער־שפּילקעס דינע
אין די טונקלע האָר איבער אַ פּרויען־שטערן.

עס איז אַ נאַכט אַזאַ, ווען אַלע שטילע וועגן
אָטעמען אַריין דעם האַרבסט אין אָפענע מעת־לעתן,
ווען אַנטקעגנקומען קענען בלויז געשטאַלטן
פון אַ חלום — לאַנג פאַרבלאַסט, פאַרגעסן.

עס איז אַ נאַכט אַזאַ, וואָס לייטערט זיך דורך טרויער
און שטעלט אַ לייטער צו צום הימל אויסגעשפּרייטן
פאַר אַלע די, וואָס זענען רייף און ראוי
יעקבן אין אָט דער נאַכט פאַרבייטן.

עס איז אַ נאַכט אַזאַ, ווען ס'וואַכט אַ בענקשאַפט בלאָע
איבער טרוימען, איינזאַמסטע שטאַפּעטן,
וואָס טראָגן אויף די ליפּן אַ וואָרט מיט זיגלען זיבן
צו קינדער קליינע, נאַרן און פּאָעטן.

# שפיל פון כמאַרעס

די הענט פאַרלייגט אונטערן קאָפּ — אַ קישן
איז די לאָנקע מיט די ווייכע גראָזן
פון יעדן ווינט געצערטלט און צעבלאָזן —
די מוראַשקעס, די זשוקעס און זאַזוליעס
פלעכטן זיך אַריין אין די צעלאָזטע האָר
ביים מיידאַלע פון קנאַפּע צוועלעף יאָר.

ס׳פּעכערט די לופט מיט ריח פון זיסן האָניק
פון די צעבליטע אַלטע ליפּעביימער
און עס רעגנט פון דער הייך מיט טרעלן
פון זשייוואָראָנעק.

און אויבן — אַ בראשית,
יום־טובדיק צעהעלט —
פון גאָרנישט
טורעמט,
פורעמט זיך
אַ נייע. נייע וועלט.

אַ געשטאַלט מיט ווייסער, לאַנגער באָרד
הייבט אויף צוויי פינגער אין דער הייך
און וואָרנט און באַשווערט
דעם ניי־באַשאַף:
— קיין קין מער, קיין קנאה, בלוט און מאָרד,
ווי אויף דער ערד —

כמאַרעס קנוילן זיך ווי באַלן ווייסע וואָל,
ס׳צעוואַקסן זיך אין קייטן הויכע בערג
אַרום אַ בלאָער אָזיערע אין טאָל.

אַ סטאַדע שעפּסן מיט געקרויזטע פעלן
כאַפּט זיך אויף פון דרימל
און לאָזט זיך צו די בלאָע וועלן
צופּיסנס פון די בערג.

עמעץ האָט אויפגעהאָנגען אויפן האַלדז פון הימל
אַ מעדאַליאָן געראַמט אין גילדנער שיין:
צוויי יונגע קעפּ
צו זיך געווענדט,
אַן ער, אַ זי —
זיי קוקן מיט אויגן פאַרליבטע
איינס אין דעם צווייטנס זייט,
ווי זיי וואָלטן אויסשעפּן געוואָלט
אין דער איינציקסטער רגע
די אייביקייט.

נאָר פּלוצעם גאָר פון אַ זייט,
אויף פלינקע געזאָטלטע פערד,
באַווייזן זיך רייטערס —
אין די הענט שפּיז און שווערד,
און אין די אויגן שגעון.

באַלד פאַלן זיי צו צום מעדאַליאָן
און רייסן אים איינער ביים צווייטן פון האַנט,
ביז ער בלייבט ליגן צעפּיצלט, צעפּראַנזט,
ווי אַ צעריסן געוואַנט —
און בלויז דער שמייכל פון די יונגע צוויי קעפּ
פלאַטערט אַ ווייל אין דער לופט,
ווי אַ באַזיגטע פאָן.

עס רויטלען זיך שוין די כמאַריקע בערג
מיט בלוטיקע שטרייפן און פּאַסן,
נאָר עס ראַנגלען זיך ווייטער
די רייטער,
אַ קנויל פון לייבער, פון פיס, הענט און בערד,
און ווערן צעטרעטן
אונטער קאָפּיטעס האַרטע פון אייגענע פערד,
וואָס לאָזן זיך לויפן מיט ליידיקע זאָטלען,
— אַ ווילדער, באַפרייטער טאַבון —
צום ראַנד פון פאַרגייענדער זון.

— — — — — — — — — — — —

און ביינאַכט,
ווען עס קרייעט דעם חצות אויס דער האָן,
זעט דאָס יונגע מיידל ביי איר בעט
די צעפליקטע שטיקער פון דעם מעדאַליאָן,
און זי הערט,
ווי עס וויינט דער פּאָרטרעט.

# באַגעגעניש

אַזוי האָבן זיי באַגעגענט זיך אַמאָל
אין אַ חלום אין מיטן דער נאַכט,
דאָס יונגע מיידל מיט צעלאָזטע האָר
און די פרוי פון קנאַפּע זעכציק יאָר.

דאָס מיידל אין פּליסירטן גראַנאַטענעם קלייד,
ווי אויפן בילד מיט אירע יִינגערע צוויי ברידער,
(אַלע אין איין רייע אויסגעשטעלטע שטייף),
בעת זי האָט געפּרוּווט צווישן די פאַרפּרעסטע ליפּן
באַצייטנס ס׳געלעכטער דערשטיקן
ביי דעם שטעטלדיקן פאָטאָגראַף.

עס זענען דעמאָלט אַלע נאָך געווען מיט איר —

דער יונגער, קראַנקער טאַטע געשטאַנען איז דערנעבן
און געקוקט אויף אָט די קעפּלעך דריי,
(ער האָט געוווּסט, אַז ס׳האָט אַ שטרענגע האַנט
גענומען שוין די מאָס
פון אַלע שעהען פון זיין לעבן)
ווי ער וואָלט וועלן זיי אויף אייביק פאַרגעדענקען
און מיטנעמען מיט זיך
אויף יענער זייט פון ליבשאַפט און פון בענקען.

דאָס יונגע מיידל האָט זיך ערגעץ ווו געאיילט,
מסתם נישט צו פאַרשפּעטיקן דעם פרילינג אירן,
וואָס האָט זיך ערשט פון קנאָספּ אַרויסגעשיילט,

און אפשר גאָר
געוואָלט אַוועק
וואָס גיכער פון דער פרעמדער פרוי,
וואָס פאַרשטעלט איר דעם וועג.
פאַר וואָס זשע קוקט אויף איר אַזוי
די אומבאַקאַנטע פרוי,
גלייך זי וואָלט וועלן מיט איר בליק
פאַרשׂרפהנען איר יונגע בענקשאַפט
און דעם טרוים פון מאָרגענדיקן גליק?

זי שטייט און רירט זיך נישט פון אָרט,
גלייך זי וואָלט דאָ אויף עמעצן געוואַרט.
אַזוי פיל צער אַרום די ליפּנווינקלען אירע,
ווי זיי וואָלטן קיין מאָל שמייכלען נישט געקענט,
און שאָטנס אַרום איר פון מענטשלעכע געשטאַלטן
פון לאַנג אויף אַש פאַרברענט,
שאָטנס מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
זי זאָל קענען אין זיי
איר פּנים באַהאַלטן.

„גיי נישט אַוועק,
צו וואָס דאָס געאייל,
פאַרבלייב נאָך אַ ווייל" —
שטאַמלט, בעטלט די פרוי —
„זאָל כאָטש אַ וויאַיע טון אויף מיינע גראָע האָר
מיט ערב־פרילינג דיינעם פון יענעם ווייטן יאָר,
ווען ס'האָבן זשאַסמינען געשיט זייער בליִעכץ
אויף הענט און אויף קאָפּ און אויף וויִעס,

איידער דאָס אַש האָט פאַרמעקט
אַפילו דערמאָנונג פון אַמאָליקע טעג.

נאָר ווי קענסטו געדענקען,
און דו ווייסט נישט אויך היינט,
אַז דאָס אַלץ, וואָס עס האָט די באַשערטקייט געגרייט
אין די קנייטשן פון צייט,
אי דעם טרויער,
אי ס׳לייד,
וואָס זוכן דורך מיר זייער תיקון,
זענען דאַן שוין געוועזן אין דיר,
זענען דאַן שוין געוועזן מיט דיר,
בעת דו האָסט געפּרוּווט דאָס ווילדע געלעכטער
צווישן ליפּן פאַרפרעסטע דערשטיקן.״

דאָס יונגע מיידל מיט צעלאָזטע האָר
האָט איר פּנים פאַרשטעלט מיט דער האַנט
און געבליבן ווי פאַרשטיינערט שטיין
ביים חלומס ראַנד.
„ס׳קען נישט זיין,
ס׳קען נישט זיין״ —
מורמלט דאָס מיידל אין דער ווייטקייט אַריין —
„ווען געוועזן וואָלט וואָר,
וואָס דו זאָגסט מיר איצט דאָ,
אַז דו ביסט איך
און איך בין דו,
וואָלט איך ביי דעם געדאַנק אַליין
פון זינען דאַך געוועזן אַראָפּ —

איז ווי זשע קומט,
אַז קענסט אַצינד
נאָך נאָכגיין טרוימען, ווי אַ קינד,
און האַלטסט נאָך אַזוי הויך און אַזוי שטאָלץ
דיין קאָפּ?״

*

...עס האָט דער חלום זיין וויִע פאַרמאַכט
איבער אַ לאַנגער און טרייסטלאָזער נאַכט.

## שלמה מיכאָעלס

צום אָנדענק פון גרויסן קינסטלער, מענטש און ייִד

„נאָר מיטן רעכטן פוס", פלעג ער מיר שטענדיק זאָגן,
און ער אַליין אין אויסגעלינקטער וואָר אָן רחמים
און אָן גאָט,
ווו ס'קען אַ יעדעס וואָרט אַ מסור ווערן,
און פירן צו דער תּפֿיסה און צום עשאַפּאָט.

„נאָר מיטן רעכטן פוס" און מיר אַ קוש אין שטערן,
פּאָטערלעך, באַשיצעריש אַקעגן יעדן לויערנדיקן חשד,
זיין קוש אַ חתימה צום פּאַספּאָרט פון לעבן
אין מיין דעמאָלסטיקן האַרבן נע-ונד.

„נאָר מיטן רעכטן פוס" — און ער אַליין אַ משכון
מיט שטאָלצן לייבנקאָפּ און אויגן פול מיט אַנען —
האָט ער געשפּילט, געשפּילט אויף צו באַשיצן אַנד'רע,
אַזעלכע אָט, ווי ער, אַנוסים און מאַראַנען.

„נאָר מיטן רעכטן פוס" — ס'לאָזט זיך נאָך מער אַראָפּ
די אונטערשטע, די פולע ליפּ און ציטערט
אונטער דער לאַסט פון נישט דערזאָגטע ווערטער,
וואָס וואָלטן אויסגעקומען ווונדיק און פאַרביטערט.

„נאָר מיטן רעכטן פוס" — עס פאַרשט און פרעגט זיין בליק,
צי איך באַנעם דעם רמז זיינעם און דעם מיין —
עס גלעטן זיך די קנייטשן אוים אויף לומדיש-הויכן שטערן,
ווי זיי וואָלטן אויפגעלויכטן אונטער מיין פאַרשטיין.

„נאָר מיטן רעכטן פוס״ — עס רעדט צו זיך מיכאָעלס,
ווען ער פאַרוואַנדלט זיך אין לירן אויף דער בינע —
פאַרטריבן פון זיין הויף אויף שפּאָט און אויף געלעכטער,
אַ בלינדער קעניג אָן אַ קרוין, אָן פאָלק און אָן מדינה.

„נאָר מיטן רעכטן פוס״ — און עס איז איצט מקנא
שלמה, דער קלוגער, דעם מידן, גראָעם זקן,
וועמען עס האָט די בלינדקייט אויסגעהיטן זען
דאָס אַלץ, אויף וואָס דעם חכמס אויגן מוזן קוקן.

„נאָר מיטן רעכטן פוס״ — צי האָט ער שטיל־פאַרטראַכט
געמורמלט אָט די ווערטער אין דער ווינטערדיקער נאַכט,
דער נאַכט פון בייזע רעטענישן און סימנים
אויף גאַסן מינסקער אַזוי אייגן און אַזוי פאַרטרויט ?

און צי האָט ער אונטער קאַלטן, שטערנלאָזן הימל
אַ רים געטון די מאַסקע פון זיין פּנים,
בעת ער איז אויף דער פאַרשנייטער בינע
אַנטקעגנגעגאַנגען דעם טויט ?

## כ׳שרייב אָן אַ שורה

כ׳שרייב אָן אַ שורה,
מעק זי אוים —
דאָ פעלט אַן אות,
דאָרט פעלט אַ שטריך,
און דאָ פעל איך.

איך זוך זיך אַליין,
מיין אייגענע שפּור
אין דער פאַרביטענער וואָר.

ס׳קען זיין,
אַז כ׳בין ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן
אין די פאַלדן פון צייט,
מיט תכריכימדיקע, גראָבע שטעך פאַרנייט,
און ס׳קען בלויז אויפטרענען די נאָט
אין שעה פון גנאָד
די האַנט פון גאָט.

# דאָס אויג

דאָס אויג, וואָס האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף,
דאָס אויג פאַרצויגן מיט אַ בעלמע שטאַר און ווייס,
איז געשוווּמען דורך דער נאַכט צו אומבאַקאַנטער ווייט,
ווי אַ טייך פאַרצויגן מיט אַן ערשטן אייז.

עס איז געוואָרן גרעסער אַלץ און גרעסער,
זיין שטאַרע בלינדקייט האָט מיט זיך פאַרשטעלט
דעם הימל, די לבנה מיט די שטערן
און אַלץ, וואָס האָט די נאַכט מיט ליכטיקייט צעהעלט.

פלוצעם האָט עס זיך אָפּגעשטעלט, פאַרשפּאַרט
אַ יעדן אויסוועג פון דער פינצט׳רער נאַכט,
ס׳זאָל נישט אַנטרינען קיינער, יעדער זאָל זיך בייגן
פאַר זיין שטאַרקער, שטרענגער, בלינדער מאַכט.

און די, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן אין מרידה,
פאַרבלענדטע פון אַ ווייטער, אויסגעבענקטער שיין,
די טרוימער און די זעער זאָלן איצט דערזען,
ווי איינזאַם זיי זענען, איינזאַם און אַליין.

16 אָקטאָבער 1970

# איך בין די היטערין

איך בין די היטערין פון חרובע היימען
און פון גאַסן טויטע,
ווו אויף צעבויגענע פּלויטן,
אויף צעקרישלטער מויער,
הענגט אין שפּינוועבס פאַרשפּונען
דער טרויער.

דער ווינט טראָגט בריוו
צו אויסגעמעקטע אַדרעסן —
עס גיט אַ פּלאַטער אַ נאָמען
זינט לאַנג שוין פאַרגעסן.

אַ שאָטן וואַקסט אויס דערנעבן,
און הייבט זיך אַלץ העכער און העכער
אין זיין פּרווו
צו געפינען דעם מענטשלעכן גוף.

אין דער שטילקייט
פאַרטרערט
מיט נישט־אויסגעוויינטע טרערן
קען איך הערן
דעם שעפּטש פון אַ ווידוי
פון אונטער פאַרטריקנטער ערד.

## „קרובים געזוכט"

שטענדיק לייען איך ס'ערשטע די רובריק:
„קרובים געזוכט",
נאָר ס'קערט זיך אום אַ לײדיקער מײַן בליק
צו אַ לײדיקער שעה
— קײנער נישטאָ —

עס ווערן אַלץ קלענער, זעלט'נער די רובריקן
און שיטערער די נעמען,
פון גרויסן אונטערגאַנג די עדות,
ווי מען וואָלט דורכגעזיפּט
שוין אַלע לײדן
און אבידות.

מסתם איז ערגעץ עמעץ אומגעריכט
געוואָרן אויפגעריכט —
עס האָט אין דער רובריק
„קרובים געזוכט"
די שוואַרצע שריפט צעבליט זיך מיט אַ נאָמען,
מיט אויגן, ליפּן, שטריכן פון אַ פּנים
וואָס איז פון טויט אַנטרונען
און נסימדיק
זיך אומגעקערט צו אַ פאַרטערטן גליק.

אַלץ קלענער, זעלטנ׳ער די רובריקן,
שיטערער די נעמען —
איך וואַרט נאָך אַלץ,
אפשר איז דאָך עמעצער פאַראַנען,
וואָס וועט מיך דערמאַנען,
און אויב נישט פון דאַנען
זאָל מען כאָטש פון אויבן
אויסרופן מיין נאָמען —
ס׳ווערט געזוכט פון פאָטער, ברידער און דער מאַמען —
רחל בת זאב און בת חנה.

## ווער וועט איינשטילן ס׳געוויין

ווער וועט איינשטילן ס׳געוויין
פון חפצים און זאכן
פאַרשלעפּטע פון יִדישע היימען,
אַ טייל אין טעווטאָנישן לאַנד,
אַ טייל צו די אייגענע שכנים ?

ערגעץ ווו בענקט אַ טיש
צו שבתדיקע לעכט און ווייסע חלות,
אַ שיפלאָד פון אַלטן קאַמאָד
האַלט נאָך אַלץ אויף דעם ריח
פון בריוו
פון ווייטע חתנים צו זייערע כלות.

די שאַפעס געדענקען
אַ טולעפּ, אַ שטריימל,
אַ ראָטונדע פון זייד,
אין יונגער פרייד
צום ערשטן מאָל באַנייט.

דער שמייכל פון אַ קינד אין זיין וויגל
קומט צו חלום דעם שפּיגל,
וואָס פלעקט זיך מיט זשאַווער,
ווי מיט פאַרטריקנטן בלוט.

ליידיקע ביקסלעך פאַר בשׂמים
שטומען —
זיי וואַרטן אויף שׂמחות,
אויף יום־טובים פרומע,
כדי זיך צעקלינגען, צעזשומען,
ווי איבער לאָנקעס צעבליטע
די בינען.

און זילבערנע לייכטערס,
און מעשענע העסעס
פאַרהייבן די רייערן,
ווי העלדזער אין גסיסה,
ווען ס׳שטייט איבער זיי
דער קיילער מיט מעסער.

ווער וועט איינשטילן ס׳געוויין
פון חפצים און זאַכן
פאַרשלעפּטע פון יידישע היימען,
אַ טייל אין טעווטאָנישן לאַנד,
אַ טייל צו די אייגענע שכנים?

## פאַרגעסענע נעמען

די גרענעצן, וואָס ס׳האָט אַ שטילער זיפץ צעעפנט
זענען נאָך פּייכט מיט די נישט אויסגעוויינטע טרערן —
דער ערב־אָוונט דעמערט מיט פאַרגעסענע נעמען,
וואָס טראָגן זייער בענקשאַפט צו אַן ערשטן שטערן.

זייער שטומקייט נעמט אַרום די וועלט מיט
שווערער כמאַרע,
גלייך ס׳וואָלט אַריינגעשוויגן זיך אין זייער טרויער
דער פאַרנאַכט, וואָס וואַכט איבער פאַרבלאָסטע טרוימען
און ווערט מיט יעדער רגע גרויער אַלץ און גרויער.

די שעה, וואָס האָט זיך אויסגעבלוטיקט מיט דער שקיעה
ביים טאָגס פאַרגיין
זעצט זיך שבעה נאָך די אַלע נעמען,
וואָס קיינער וועט שוין קיין מאָל נישט דערמאָנען,
אַחוץ אין חסד זיינעם — גאָט אַליין.

# קאָשמאַרן

אין די נעכט, וואָס נאָגלען צו דעם הימל,
ווי אַן אָרון
מיט שטערן,
און אין אַ גרינלעכן לבנה־שימער
צוקאָפּנס פון נאַקעטע צווייגן
הענגט דאָס גרויסע, אומענדלעכע שווייגן,
צעוואַקסן זיך מיינע חלומות,
ווי ווילדער,
ווי פלאַמרויטער מאָן
ביים ראַנד פון פאַרזונקענע וועלטן.

כ׳ווער איינגעקלעמט
אין אַ געפלעכט
פון זעונגען טונקלע
אָנגעווייעט אַהער
פון אַלע ביזאַיצטיקע נעכט.

עס קומען געשטאַלטן
אי נאָענט,
אי פרעמד, נישט באַקאַנט —
טייל מיט אַ שמייכל, אַ שטילן,
וואָס וווּנדיקט אויף ליפּן פאַרבלאַסטע,
ווי זיי וואָלטן פון לאַנג שוין פאַרגעסן
דאָס ליבסטע
און דאָס אַם מיינסטן פאַרהאַסטע.

און אַנדערע מאָנען, און מאָנען, און מאָנען
דעם חלק פון לעבן,
וואָס מען האָט בעל כרחו בײ זײ צוגענומען.

ס׳מאַרשירן מצבות
רײ נאָך רײ, נאָך רײ,
װי אין אַ פּאַראַד
אַ גראָע אַרמײ.

זײ קומען אַלץ נענטער
אין געשלאָסענע רײען —
איך קען נישט אַנטלויפן,
כ׳קען אַפילו נישט שרײען.
אָט װעלן זײ באַלד,
די שטײנערנע רײען,
אָפּגעריס׳נע פון נאַקעטע גריבער
זיך לאָזן אַלץ װײטער
איבער מיר, איבער מיר —
און אַריבער.

װי פון אַטלאַנטידעס
ערב דעם פאַרזינקען
פּרוּװ איך צו אַנטרינען
צום בלאָלעכן ברעג פון באַגינען.

נאָר כ׳קען שוין קיין רו נישט געפינען —
אין אַלע קנייטשן פון דעם טאָג, דעם נייעם
זוך איך עמעצן, וואָס זאָל פאַרטייטשן מיר דעם מיין
און פותר־חלום זיין
די טרוימען
צעוואַקסענע פון ווילד־פאַרזייעטע זוימען.

איך קלאַפּ אין אַלע טויערן, אַלע תּפיסה־קראַטן,
אין קאַרצערס פינצטערע און ענגע קאַזאַמאַטן,
און רייס די ריגלען, ביז עס וווּנדיקן די הענט —
— איז יוסף דאָ? —
עס הערט זיך בלויז ס׳געלעכטער
פון די וועכטער:
„ער איז נישטאָ, נישטאָ!
צי ווייסטו נישט?
אין אוישוויץ האָט מען יוספן פאַרברענט״.

## איך האָב זיך נאָר וואָס אומגעקערט

איך האָב זיך נאָר וואָס אומגעקערט פון אַ מסיבה —
איר פרעגט פון וואַנען
און פון וועמען?
פון אַ מסיבה פון פאַרשעמטע נעמען.

זיי זענען זיך צונויפגעקומען
פון מרחקים ווייטע,
פון מעטריקעס פאַרשטויבטע,
פון מצבות אַלטע,
פון שער־בלעטער אויף ביכער,
פון אַשן צעזייעטע,
פון אַ דור אַ גאַנצן די שארית־הפליטה,
אַ דור, וואָס האָט געלאָזן זיי אין מיטן וועג אַליין
אויף חרפה, בושה
און אויף אונטערגיין.

ס'איז שוין קיין חילוק נישט אויף וועמען מען האָט
עס פאַרביטן
די שלמהס, משהס, זישעס און נפתלים,
די פעלדמאַנס, ברוידעס, פעלזשטיינס און מאַרגוליעס,
אויף מיסטער אַלאַן פילד, אַנטאָניאָ גאָמעז, צי גדעון
בן אמיר —
און עס איז אויך אַלץ איינס, צי ס'שאָטנט זיך מיט זיי
אַ חרובע מצבה, צי אַ שטיק פאַפּיר.

אין זייער גלות,
זייער נע־ונד,
דערמאַנען זיי מיט וואָס פאַר חשיבות ס'האָבן זיי געטראָגן
ייִדן פון יעדן שטאַנד, פון יעדן גראַד.
זיי האָבן אויסגעמיטן יעדן דרך קרומען,
כדי צו לאָזן אַלס טייערסטע ירושה
אַ ריינעם, גוטן נאָמען.

איידער דאָס קינד האָט זיך מיט מוטערס לייב צעשיידט
איז שוין געווען פאַר אים
אויסגעוואַרעמט דורך ליבשאַפט,
דורך טרערן,
דורך פרייד,
אַ נאָמען צוגעגרייט —

ס'האָט יעדער נאָמען איצט אַן אַנד'רע מעשׂה צו דערציילן —
יעדער האָט צייט,
נישטאָ וווּהין,
נישטאָ נאָך וואָס זיך איילן,
נישטאָ מער קיין התחייבות,
ווער וואַרט דען איצט אויף זיי
אַחוץ צעזייעטע אַש,
חרובע מצבות?

פליסטערט איינער — ס'שאָרכן זיינע ווערטער,
ווי פאַרדאַרטע, חשוונדיקע בלעטער:
— און דער, וואָס רופט זיך איצטער סעם
וועט קיין מאָל שוין נישט וויסן,
אַז ער איז אַ נאָמען נאָך זיין אור־אור־זיידן
ר' שמואל,
וואָס איז מיט לעצטער תפילה אויף די ליפּן
און מיט אַ שטאָלצן קאָפּ
געגאַנגען אויף קידוש השם —

— איך בין געוואָרן אויפגעריכט —
אַ צווייטער רופט זיך אָפּ,
— ווען ס'האָט מיך מיטגענומען אַזש קיין צפת
דער ייִד, וואָס האָט צעטיילט זיין גוטס און האָב,
כדי צו קענען לערנען אין דער שטאָט פון מקובלים
משניות, אַ קאַפּיטל ש"ס.
נאָר עס וועט שוין איצט נישט ענטפערן קיינער,
בעת מ'עט אַ רוף טון אליעזר בן משה, בן ברײנע. —

— און איך — דערהערט זיך פון ווינקל אַ קול,
— איך קען זיך נישט באַרימען
מיט תלמידי־חכמים, רביים, דיינים,
איך שטאַם פון דאָרפישע, פון פּראָסטע ייִדן;
אַ גאַנצע וואָך געאַקערט און געגראָבן,
טייל מאָל געפירט דעם פּריצס אָקסן אויף יאַרידן,
נאָר קיין מאָל נישט פאַרפעלט צו דאַווענען
דריי מאָל יעדן טאָג
און דעם שבת אָפּגעהיטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

אַרומגעשלעפּט זיך אין דער בלאָטע
אין אַ צעריסענער קאַפּאָטע,
און פון מיין פראַצע
אָפּגעשפּאָרט אַ יעדן גראַצער
פאַר שׂכר־לימוד פאַר מלמדים, לערער,
מיין זון זאָל נאָך מיר קענען זאָגן קדיש
אָן אַ פעלער.
און ווייטער?
בעסער שוין צו שווייגן,
איר וועט אַליין
פאַרשטיין,
וואָס איך מיין. —

*

אויסגעסדרט אין אַן ענגן קרייז
זיצן איצט די נעמען דאָרטן שבעה,
שבעה נאָך זיך אַליין,
נאָך אייגענעם געדעכעניש,
נאָך אייג׳נעם זיין.

זיי זיצן אויף דער נאַקעטיקער ערד
צעווישן אָפּפאַל, שטויב און שימל
און רייסן קריעה —
און יעדער קריעה־ריס ווערט לענגער אַלץ און טיפער
ביז ער שניידט אַריין אַ שטיק פון בלאָעם הימל.

## העי, עס איז פורים, פורים אויף דער וועלט

העי, עס איז פורים, פורים אויף דער וועלט!
אַלע, אַלע האָבן זיך פאַרשטעלט —
פאַרגרימירטע לצים און פּיעראָטן
שאַפן נייע געבאָטן
פאַר נעכט און פאַר טעג
אָנגעשיכורטע מיט אייג'נער שרעק.

הענקערס פאַר דערלייזערס פאַרשטעלט
פרעדיקן ליבשאַפט פאַר מענטש און פאַר וועלט,
יושר פאַר אַלץ, וואָס געווען איז פאַרשוועכט —
נאָר אויף אויסצוראָטן דאָס פאַרשימלטע שלעכטס
דערשטיקן זיי אונטער זייער שטיוול שווערן
יעדן, וואָס וויל זיך אַליין נישט באַקערן
צו זייער תורה,
דעם נייעם געשאַנק —
און אין נאָמען פון יושר
קעפּן זיי אַלץ,
אַפילו אַ וואָרט,
אַ געדאַנק.

נאַצים אונטער מאַסקעס פון בירגער סאָלידע
מיט מלוכהשן הויכן געהאַלט
באַקלאָגן אין דער שטיל זייער אייג'נע ירידה
און שלעפן אַרויס פון קעסטלעך באַהאַלטן
זייערע מעדאַלן,

כדי זיך צו קוויקן מיט אַלע דעטאַלן
פון דערמאָנונגען אַלטע
וועגן אויסשוויץ און בוכענוואַלד.

אַסטראָנאַוטן אין אויפגעבלאָזענע מונדירן,
קאָנקוויסטאַדאָרן פון אומבאַקאַנטן רוים,
אויף אַ ראַנדעוווּ מיט צעפינקלטע שטערן,
לאָזן זיך שפּאַצירן
אין די סטראַטאָספערן,
ווי אַקראָבאַטן אויף געשפּאַנטע שטריק,
און חלומען וועגן דער פּשוטער ערד,
וועגן דעם נעכטיקן גליק.

טויכערס מיט מאַסקעס מיט רייערן געדרייטע,
וואָס הענגען אַראָפּ ווי חזירשע רילעס,
לאָזן זיך אַראָפּ אויף דנאָ פון די ימען,
וווּ ס׳לייענען די וועלן
אויף מושלעס, קאָראַלן און שעלן
איינגעקאַרבטע אוראַלטע מגילות.
באַרוישט פון נצחון און אייגענער העזה
שרעקן זיי דעם ים־לייב, דעם פיש, די מעדוזע.

די יונגע זין און די טעכטער
שליידערן זיך, צוקן
אין אַ ווילדן ריטואַל,
און צווישן געוויין און געלעכטער
זוכן עפּעס אַן אָפּגאָט,
דעם אור — אור — אור
אין די דזשונגלען פון צעפּאַטלטע האָר.

אַ געשפּאָלטענער אַטאָם
ווירבלט איבער צעעפנטן תהום
און בענקט צו זיין דרעמלענדיקער גאַנצקייט פון אַמאָל,
פּונקט ווי ס׳גאַרט דער מענטש אין זיין ווילדן געאייל
צו דער אַמאָליקער הייל.

העי, עס איז פּורים, פּורים אויף דער וועלט!

און אַפילו גאָט האָט זיך אַזוי פאַרשטעלט,
אַז ער קען זיך אַליין נישט דערקענען —
וואַנדערט ער איבער פאַריתומטע וועגן,
שפּיגלט זיך אין יעדער פליסנדיקער טרער,
און האַלט אין איין פרעגן:
— ווער בין איך עס, ווער?
און ער זוכט אינעם אַש דורכן ווינט צעזייט
איבער פעלד,
איבער וואַלד,
זיין אייגענע פאַרביטענע געשטאַלט.

## צו דער לבנה

דיין פּנים געחתמעט מיט אוראַלטן טרויער,
מיט וויסן איינגעקאַרבט אין אַלע קנייטשן דיינע
פון יענוועלטיקע סודות
און ערדישע נעכט,
וואָס ליגן אָפן פאַר דיר,
ווי מגילות.

נישט די זון,
נישט די שטערן,
באַקראַנצט מיין פאָלק מיט די תפילות,
נאָר דיינע צוויי הערנער
שפּראָצנדיק און יונג,
און גייט מיט לעכט געצונדענע אַנטקעגן
דיין באַנייונג.

נאַכטוואַנדלער,
געזאַלבט מיט דיין שיין,
די אויגן פאַרמאַכט,
קלעטערן צו דיר אין דער נאַכט
איבער גזימס, איבער דאַך, איבער קוימען,
אויף צו באַקרוינען
דיין מלכות
מיט זייערע טרוימען.

די געלע, רונדע אויגן פון די סאָוועס
ווערן פול מיט דיין ליכט, ווי כוסות מיט ווייַן,
ווען זיי באַגלייטן אַרום פונעם וואַלד
דאָס וועלפיש געהייל איבער שנייאיקן פליין.

אין די מוסטערן פון דיינע גרינע שטראַלן
פלעג איך מיין קינדערישן פחד אויסבאַהאַלטן
פאַר מכשפות, וואָס רייטן
איבער ביימער און דעכער
אויף בעזעמער אַלטע,
און פאַר גזלנים אין נאָענטן וואַלד
מיט העק און מיט מעסערם אונטער זייערע גאַרטלען.

ביסט געווען ווי אַ זילבערנע חתימה
צו פאַרזיגלען גאָטס פאַרענדיקטן באַשאַף,
עס זאָל אויף דיינע פוסטע בערג און טאָלן,
ווו די צייט
האָט קיין מאָס,
קיין באַשייד,
בראשיתדיקע רו
בלייבן אויף אייביק פאַרשפרייט.

דיינע קראַטערם,
ווי קינדער באַלד נאָכן געבערן,
האָבן געזויגן מיט אָפענע מיילער
די מילך פונעם מילכוועג
און דעם שיין פון די שטערן.

דער ערשטער מענטשלעכער טריט
אויף דיין שטייניקן גרונט
האָט איינגעקריצט אין דיר
די ערשטע, טיפע ווונד.

איצט, ווי אַמאָל פון מיין קינדערבעט,
קוק איך אַרויף צו דיר
און איך בעט —
באַשיץ אונדז׳רע חלומות פון אַ טרייסטלאָזער וואָר,
און היט אויס, באַשיץ דעם סאַמע לעצטן סוד —
ס׳זאָל דאָס געטלעכע בלייבן פאַרהוילן אין מענטש,
און דאָס מענטשלעכע אין אייביקן גאָט.

דריי מאָל הייליק
דיינע זאַמדן און שטיינער,
די וויסטע, אומענדלעכע פליינען
נישט פאַרזייעט מיט אַש פון מענטשלעכע ביינער,
נישט פאַרטשאַדעט מיט רויך
פון אַ קרעמאַטאָריום-קוימען.

איך בענטש די אומשולד פון דיין קרקע-בתולה,
וואָס איז נישט באַשפּריצט
מיט הבלם בלוט —
כ׳טו תפילה,
אַז ס׳זאָל דיר קיין מאָל נישט ווערן באַשערט
אַן אוישוויץ, מאַידאַנעק, טרעמבלינקע,
ווי דער צעגרינטער און צעבליטער ערד.

# צו אַ חבר־שרייבער

אָט ליגט פֿאַר מיר דיין בריוו, אין וועלכן מאָנסט אַ ליד,
נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען צוויי און אפשר פיר? —
אַ מידער קערט זיך אום מיין טאָג פון מערק און פון יאַרידן
און וואַרפט זיין גראָעם שאָטן אויף דער ווייסקייט פון פּאַפּיר.

די בויגנס גליוועדן מיט פּראָסטיק-ווייסן נאַקעט,
און אויך זיי מאָנען, אַז איך זאָל באַדעקן זיי מיט שורות
און זייער קאַלטע גלאַטיקייט באַהויכן מיטן אָטעם
פון ווערטער איינגענעסטיקט צווישן דינע ווירעס.

אין חלום הער איך אָפט, ווי ס׳נענט צו מיר אַ קול,
און צעעפנט און צעשאַרט דער נאַכטס טונקלע גאַרדינען,
אַ קול פון ליפּן לאַנג פֿאַראַשטע שוין און שטומע,
וואָס וויל פאַרטרויען מיר אַן אויסגעבענקטן נאָמען.

איך בין געוואָרן אַ בעל-חוב צו אַלצדינג און צו אַלע,
צו דעם, וואָס אויף דער ערד, צו דעם, וואָס אונטער דר׳ערד —
ווי אַ נגידיתטע פון טרויער דאַרף איך צאָלן שטייער
אַפילו פון דער טרער, וואָס איז מיר דאָ באַשערט.

און ווו זענען די לידער? פאַרגיב מיַין פריינד, פאַרגיב.
אין מדבר האָט נאָך אַלץ זיך נישט צעבליט דער דאָרן —
איז דערווײַלע נעם זשע אָן פֿאַר ליב
אָט די ווערטער
פון דיין
רחל קאָרן.

נאָוועמבער, 1971

## צוויי פּאָר הענטלעך

צוויי פּאָר הענטלעך,
צוויי פּאָר פיסלעך,
צוויי מאָל צוויי איז פיר —
צוויי פּאָר אויגן
און איין פּאַרב בלויז —
בלוי איז דער קאָליר.

איין פּאָר אויגן
טיפער טרויער,
ווי עס וואָלט זיך דאָרט פאַרקליבן,
ווי עס וואָלט אין זיי פאַרבליבן
זייער זיידעס לעצטע תפילה
ביי מאַידאַנעקס טויער.

און די צווייטע אויגנפּאָר,
איז אַ שטיפ ביי יעדן ריר,
ביי אַ יעדן ווענד אַ לאַך,
גלייך די וועלט וואָלט אויסגעשפּינען
איבער זיי אַ גילדנעם סכך.

צוויי מאָל צוויי איז פיר,
בלוי איז דער קאָליר.

# דער צווילינג

יִינגלעך מיינע, יִינגאַלעך,
בלויע אויגן פיר —
ווער וועט קומען דאָ צו לויפן
היינט צו מיר אַפריִער?

גיבן ביידע זיך אַ לאָז,
ווי אין אַ געוועט —
יעדער וויל דער ערשטער זיין,
ס׳זאָל נישט זיין צו שפּעט.

אברהמל איז דער פלינקערער,
ער רייט שוין אויף מיין קני —
„טראַ־טאַ־טאַ־טאַ״ און „גוד באַי!״
מיר פאָרן ערגעץ ווו.

די אויגן לויכטן, ס׳ווערן טיף
די גריבעלעך מיט חן,
ווי פּערלמוטער גלאַנצן אויף
צוויי שורות ווייסע ציין.

מיין הערשל אַ באַליידיקטער
אויף אונדז קוקט זיך נישט אום,
ער ענטפערט נישט, ווען כ׳פרעג אים וואָס,
די ליפּלעך שטייף און שטום.

ער זיצט אין ווינקל און ער שווייגט
פֿאַרעקשנט, שטאָלץ און בייז —
אים דאַכט, זיין ליבע כ׳האָב פֿאַרשעמט,
אָט איז דאָך דער באַווייז.

נאָר נעם איך הערשאַלען צו ערשט
צו רייטן אויף מיין פֿוס,
ווערט אברהמלע אין כּעס,
דעם ברודער גיט אַ בּיס.

יינגלעך מיינע, יינגאַלעך,
דאגהט נישט אין צווייען,
כ׳האָב אַ האַרץ מיט ליבשאַפֿט פֿול,
ס׳וועט פֿאַר ביידע סטאַיען.

## איך האָב געזען אַ העזאַלע

איך האָב געזען אַ העזאַלע
אויף הויכע, שלאַנקע פיס,
האָט עס זיך אָפּגעשטעלט אין שניי
אויף אָפּנעמען אַ גרוס.

ס'האָט אויפגעשטעלט אַן אויערל,
געבליבן שטיין פאַרטראַכט:
„ווו איז דאָס אונדזער הערשאַלע,
און אברהמאַלע וואָס מאַכט?"

— אַ דאַנק, אַ דאַנק פאַר נאָכפרעגן —
צום העזל כ'גיב אַ ווונק —
קיין עין־הרע ביידע פיין
און שנעל ווי דו און פלינק.

נאַר טייל מאָל טרעפט, אַז ס'מאַכט די „קאַר"
אַן אומגעריכטן „דזשאָמפּ"
און מע פאַרפאָרט נישט אין גאַראַזש,
נאַר דווקא אינעם לאָמפּ.

די „קאַר" — אי וויים, אי קוילעכדיק,
דאָס שטערצל פון אַ טאָפּ —
מען מוז זי אָפּהיטן געטריי,
פונקט ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

וואָס זאָל מען טון, אַז ס'וויל דער לאָמפּ
נישט אָפּטרעטן פון וועג,
כאָטש הודע, טרובע אָן אַ סוף,
ער שטייט, ביז ר'פּאַלט אַוועק.

און אויף די ווענט מיט שרייבפּענדלעך,
מיט בלאָער, רויטער קרייד
באַמאָלט, באַשריבן, דאַרפסט שוין זען,
אַלץ, וואָס עס שטייט און גייט.

„דאָס זענען לידער" — טענהען זיי —
„די באָבע האָט עס ליב"
דער טאַטע בייזערט זיך: „גענוג
שוין איין פּאָעט אין שטוב!"

זיי זאָגן ביידע צו: „נישט מער
פון היינט מאָל אָן" — זיי שווערן.
ווי מיינסטו, העזל, גלייבן זיי?
וואָס לויפסטו, ווילסט נישט הערן?

## כ׳הער, ביסט קראַנק

כ׳הער ביסט קראַנק, מיין הערשאַלע,
דיינע בעקלעך פלאַמען,
ליגסט איינגעקנוילט, ווילסט קיינעם זען,
אַפילו נישט דיין מאַמען.

כ׳בין ברוגז מיט דעם זומערטאָג
און מיט דער גאַנצער וועלט,
וואָס האָט אַוועקגעפירט מיך ווייט,
דעם וועג צו דיר פאַרשטעלט.

כ׳וואָלט דיין קעפּל איינגעוויגט
אין מיינע ביידע הענט,
דיר אַ מעשׂהלע דערציילט
פון יינגל קאַלי־בענט,

וואָס איז געריטן אויף זיין פערד
דורך טאָל און באַרג און פעלד,
ביז ר׳איז געקומען צו דעם אָרט
אויף סאַמע עק פון וועלט,

ווו ס׳בליט די ווונדערוויז גלי־גלאָ,
און ס׳קען דערזען איר גלאַנץ
בלויז דער, וואָס איז מיט ליבשאַפט פול
פאַר חיה, מענטש און פלאַנץ.

אָ, קאַלי־בענט, דו ייִנגעלע,
וואָס ביסט אי גוט, אי פרום
און האָסט דערזען ביים סוף פון וועלט
די ווּנדערלעכע בלום —

דו קום איצט צו מיין הערשאַלען
פון מעשׂהלע אַרוים
אויף שנייאיק־ווייסן, פלינקן פערד,
אין האַנט גלי־גלאָ, די רויז.

# צוויי ברידער

אברהמל האָט צוויי פלינקע הענט
און וויל פאַרריכטן אַלץ,
נאָר אָפט צעברעכט ער עפּעס גאָר,
כדי עס מאַכן גאַנץ.

פאַר יעדן שרייפל בלייבט ער שטיין
מיט אַ דערשטוינטן בליק
און יעדעס רעדל איז אַ נס,
וואָס קוילערט זיך צום גליק.

די טאַשן זענען שטענדיק פול
מיט טשוועקעס, העלצלעך, קנעפּ —
אָט גייט ער בויען אַ פּאַלאַץ
מיט הימל־בלויע טרעפּ.

„און ווער וועט וווינען אין פּאַלאַץ,
נו, זאָג אברהמל, ווער?"
„די בערעכע מיט בעראַלעך,
מיט זיי דער טאַטע בער.

און דו קענסט קומען אויך צו גאַסט,
ווען ס'הויז וועט פאַרטיק ווערן —
עס וועלן פרייען זיך גאָר שטאַרק
די פיר קודלאַטע בערן."

און הערשאַלע — קוים ווילסטו נאָר
ער גיט דיר אַלץ „נאַ, נעם!"
אַ נפקא מינה שפּילעכלעך —
ער'ט זיך באַגיין אָן דעם.

ער האָט אַ היים, אַן אייגענע
אין ווינקל לעבן טיש,
פּאָר פייגל, העזלעך, וועווערקעס
און אויסטערלישע פיש.

ער זיצט פאַרטראַכט און חלומט אוים
זיך עפּעס אַ געשטאַלט,
און פירט מיך צו זיין בענקל צו
און ווייזט מיר אָן, אָט באַלד:

„דו זעסט? — דאָ זיצט מיין גוטער פריינד,
ער רעדט — דו קענסט אים הערן".
דאָס בענקל ז'פּוסט, נאָר הערשלס אויגן
לייכטן, ווי די שטערן.

און די לבנה ז'נישט ביי אים
עפּעס אַ פרעמדע זאַך,
ס'איז Mister Moon אויף אַ שפּאַציר
איבער דעם פלאַכן דאַך.

ער קוקט זיך צו, דער Mister Moon
צום שפּיל פון צווילינגס־ברידער,
און גיט אַ ווונק — „צייט שלאָפן גיין,
כ'וועל מאָרגן קומען ווידער."

# הערשאַלען און אַברהמאַלען

(צו זייער 15טן געבוירן־טאָג)

עס זענען נאָך פֿאַראַן ביי מיר די לידער,
וואָס מיט אַזוי פיל פרייד געשריבן כ'האָב פאַר אייך —
זיי ליגן איצט פאַרגעסענע, פאַרשעמטע,
דערטרונקענע אין שווייגן, ווי אין אַ טיפן טייך.

איך האָב געטראַכט, געהאָפט, אַז איר וועט זיין מיין המשך
און אַלץ, וואָס איז מיר טייער וועט אייך נאָענט ווערן —
אַ פרעמדע שפראַך האָט אייך אַוועקגעפירט גאָר ווייט —
מסתמא איז אַזוי געווען פאַרשריבן אין די שטערן.

די גרויסע, אומבאַקאַנטע וועלט, וואָס האָט געלאָקט, געשראָקן,
ווערט קלענער מיט אַ יעדן יאָר, וואָס איר אַליין ווערט גרעסער,
און ס'עפנט זיך פאַר אייערע אויגן אַלץ,
וואָס איז געווען ביז איצט פאַרמאַכט אויף טויזנט שלעסער.

וואָס זאָל איך זאָגן אייך צו אייערע פופצן יאָר,
ווען ס'גילטן שוין נישט מער די מעשׂהלעך פון לייבן און פון
בערן,
ווען יעדער אייער טאָג איז איצט אַ נייע מעשׂה,
מיט אָרעמס אויסגעשטרעקטע צו די שטערן?

איז ווינטש איך אייך, אַז איר זאָלט מענטשלעך זיין צו
אַלעמען און יעדן
און לערנען זיך פאַרשטיין דאָס, וואָס איז טיף פאַרבאָרגן,
כדי איר זאָלט אַריינוואַקסן מיט האַרץ און מיט געדאַנק
אין אייער אויפגעשיינטן, וווּנדערלעכן מאָרגן.

דעם 5טן יוני 1966

# אינהאַלט

## אויף דער שאַרף פון אַ רגע


אַלץ, וואָס האָט זיך אָנפאַרטרויט מיין וואָרט . 11
אָנגעהויבענע לידער . . . . 13
מיין גרויסער גאָט . . . . . . . 14
אַ רגע . . . . . . . . . 16
יאָרצייט־ליכט . . . . . . . 17
אַלע וויסטענישן . . . . . . . 18
עס פלאַטערן . . . . . . . . 19
היים . . . . . . . . . 20
ווי האָסטו מיך געשטייניקט . . . . . 22
פאַרטייעט אין ווינקלען . . . . . . 23
ביסט מיד, מיין אויג . . . . . . 24
אויף וויִעס אַראָפּגעלאָזטע . . . . 25
אין אַ גרינער נאָדל . . . . . . 26
דאָס ביסל פּיסנע גליק . . . . . . 27
פון דאַנען ביז אַהין . . . . . . 28
די טרויעריק־שיינע בת־מלכה . . . 30
אין אַ זומערדיקער נאַכט . . . . . . 31
אַ פרעמדער ווינט . . . . . . . 32
נישט אַלע פיינען . . . . . . . 33
איך מוז זיין שטאַרק . . . . . . 34
צו מיין פאָטער . . . . . . . 35
עס האָט מיין מאַמע זייער אָפט געוויינט . . 37
ווי אַ ווירטואָז . . . . . . . . 39
אַלץ איז דאָ ווי געווען . . . . . . 41


## באַגעגענישן


דער נשיא . . . . . . . . 45
דער וועג קיין ירושלים . . . . . . 46
אונטער דעם הייסן אָטעם פון כאַמסין . . 48
דער טאָג, וואָס האָט זיך אַנטבלעטערט . . 51
אַ פאַרנאַכט ביים ים . . . . . . 53
ביים ים . . . . . . . . . 54
דער זומער האָט געזעגנט זיך . . . . 56

| | |
|---|---|
| אָסיענדיקער טאָג | 57 |
| אלול | 58 |
| האַרבסטיקער עטיוד | 59 |
| האַרבסט | 60 |
| עס איז אַ נאַכט אַזאַ | 62 |
| שפּיל פון כמאַרעס | 64 |
| באַגעגעניש | 67 |


## פאַרביטענע וואָר


| | |
|---|---|
| שלמה מיכאָעלס | 73 |
| כ׳שרייב אָן אַ שורה | 75 |
| דאָס אויג | 76 |
| איך בין די היטערין | 77 |
| קרובים געזוכט | 78 |
| ווער וועט איינשטילן ס׳געוויין | 80 |
| פאַרגעסענע נעמען | 83 |
| קאַשמאַרן | 84 |
| איך האָב זיך נאַר וואָס אומגעקערט | 87 |
| העי, עס איז פּורים, פּורים אויף דער וועלט | 91 |
| צו דער לבנה | 94 |
| צו אַ חבר־שרייבער | 97 |


## פון מעשהלע אַרויס


| | |
|---|---|
| צוויי פּאָר הענטלעך | 100 |
| דער צווילינג | 102 |
| איך האָב געזען אַ העזעלע | 104 |
| כ׳הער, ביסט קראַנק | 107 |
| צוויי ברידער | 109 |
| הערשאַלען און אברהמאַלען | 111 |

## פון זעלבן מחבר:

„דאָרף" — לידער, 1928, קלעצקין־פאַרלאַג, ווילנע.

„ערד" — דערציילונגען, 1935, פאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע.

„רויטער מאָן" — לידער, 1937, יידישער פ.ע.נ.־קלוב, וואַרשע.

„שניט" — לידער, 1941, סאָוויעטישער מלוכה־פאַרלאַג פאַר נאַצ. מינדער־הייטן, קיִעוו, פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר א. גאָנטאַר. (סיי די גאַנצע אויפלאַגע, סיי דער כתב־יד זענען פאַרניכטעט געוואָרן בעתן אַריינמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי).

„היים און היימלאָזיקייט" — לידער, 1948, פאַרלאַג פון די פוילישע יידן, אַרגענטינע.

„באַשערטקייט" — לידער 1949, מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

9 דערציילונגען — 1958, מאָנטרעאל, קאַנאַדע.

„פון יענער זייט ליד" — 1962, י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב.

„שירים ואדמה" — 1966, איבערזעצט פון שמשון מעלצער, פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב.

„די גנאָד פון וואָרט" — לידער 1968, פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב.